מחויב אין צו עהרן מיט אלן זכן אז דער נאך ווערט שטין אין דרך ארץ פֿון בעלי בתים דען
מיר פֿינדן אָפֿט אין דער תורה דז הק״בה זעלברט האט מכבד געוועזט דיא אלטי לייט ·
אך צו עולם הבא ווערט הק״בה דיא אלטן לייט ווידר מכבד זיין אז דער פסוק גיט וחפרה
הלבנה ובושה החמה כי מלך יי׳ בהר ציון ובירושלים נגד זקניו כבוד אונ זיא ווערן פֿר
שטערט ווערדן דיא דא גלייבן אן דר לבנה אונ זיא ווערן פֿר שעמט ווערדן דיא דא גלייבן
אן דיא זון אן דער חמה · דען פֿר האט גיקינגט גאט דער אלמעכטיג אין בערג ציון אונ
אין ירושלים אונ קיגן דען אלטן לייט ווערט ער זיין גיהערט דיא אלטן לייט דיא ווערן
הק״בה מכבד זיין אונ הק״בה ווערט דיא אלטי לייט ווידר מכבד זיין אז דער פסוק גיט כי
מכבדי אכבד דער מיך עהרט דען וויל איך ווידר מכבד זיין · נון זעהן מיר יוא וואל דז
הק״בה אפֿילו ווערט מכבד זיין דיא אלטי לייט מכל שכן דאז איטליכר מענש דיא אלטן לייט
מכבד זיין איין איטליכר דער דא בידרן אין מעשה דער דאז איין מעשה נעמן פֿון אלטן לייט אונ
ניט פֿון יונגן לייטן דען די מעשה פֿון אלטן לייטן איז זער גוט ווען דיך הייסט איין אלטר טון איין
ברעכן ברעך אב אונ דיא יונגן לייט שפרעכן בויא דאז ער דען אלטן פֿאלגן אונ ניט דען יונגן
דען דיא מעשה פֿון אלטן לייטן הייסט גיבויט אונ דאז בויאן פֿון יונגן לייטן הייסט אב גיבראכן
אז מיר פֿינדן ביים רחבעם דער וואר שלמה מלך זון וויא ער פֿר ליז דיא מעשה פֿון דען אלטן
אונ ער פֿאלגט דען יונגן דיא מיט אים וואָרן אויף גלוגן ווארדן וויא צו אים גינג דז ער שיר
אום זיין מלכות וואר דר דארך קומן דרום דאז מן אלטן לייט פֿאלגין אונ דאז דיא אלטן ערליך
האלטן אונ אוו דאז איר מעשה נאך גין דען דיא ריד פֿון אלטן לייטן זיינן מיט שכל אונ איין
יונגר רעט אום פֿר זונן ·

דאז איז דער דרך ארץ פֿון בעלי בתים וויא זיך דיא בעלי בתים האלטן זאלן ·

**בן עזאי** זאגט אזו איין איטליכר בעל הבית דאז אז לייט דיא פֿיר ארלייא פֿר זיך נעמן
אונ ער זאל גדענקן אן דיא פֿיר ארלייא דא ווערט ער ניט זינדיגן · איינז פֿון
וואנין דוא הער קומסט דאז אנדר וואו הין דוא ווערסט קומן · דאז דריט ווער איז דיין
(דיין) · דאז פֿירד אונ פֿר וועם מוסטו דין אונ חשבון געבן · וואו דוא הער קומסט
פֿון איינם שטינקדיגן טראפֿן וואָרום ווילשטו דיך הוך מוטיג אונ האפֿרטיג האלטן אונ וואו
דוא ווערסט הין קומן אין דאז קבר צו דען ווירם אין דאז פֿינשטר גראב הניין אונ ווער דיין
(דיין) איז דאז איז דער דיין אמת אונ פֿר אים מוסטו דין אונ חשבון געבן אויך אלי דייני
מעשים אונ אויך דייני בוזי ריד דיא דוא גירעט האסט אויף דער וועלט צו האבן גזאגט
דיא חכמים ז״ל פֿון פֿיר ארלייא וועגן קומט צו דז דיא בעלי בתים פֿון אירם געלט קומן אונ
דז זיא ארם ווערן · איינז איז פֿון וועגן דז זיא ניט בצאלן אירן לון וואז מן אין אב פֿר דינט
האט דאז אנדר איז דז ער אין פֿר זוכט מיט אירן לון וואז ער אין האט. אב פֿר דינט דז ערש
ניט גיבט אם זעלביגן טאג · דאז דריט איז דער ניט וויל מס געבן נאך זיינם געלט נאך ·
דאז פֿירד איז דער זיך זיין געלט איבר נעמט אונ טרייבט האפֿרט מיט זיינם געלט · נאך
האבן זיא גזאגט פֿון פֿיר ארלייא וועגן קומט צו דז דיא בעלי בתים ארום ווערן אונ דיא
טררה נעמט איר געלט · איינס איז איינר דער דא מאגט פֿאלשי בריב אדר ער מאכט
שטרות דיא בצאלט זיין גיוואָרדן · דאז אנדר איז דער ריבית נעמט פֿון לייטן · דאז
דריט איז איינר דער דא קאן וואול ווערן דען לייטן צו טאן וואז ניט רעכט איז אונ ער
ווערטס ניט אונ גידענקט וואז ליגט מיר דראן · דאז פֿירד איז איינר דער פֿר הייסט
צדקה צו געבן אונ ער גיבט עז ניט דארום דאז איין איטליכר בעל הבית דיא פֿיר ארלייא פֿר
זיך נעמן דז ער ביא זיינם געלט בלייבט · אז לייט איין מחויב איטליכר בעל הבית מכבד

ד ד ד גו

צו זיין איין איטליכן דער אין זיין הויז הניין קומט ער זאל איין איטליכן גאר שיין אנטפאנגן אונ'
זאל אים ברוך הבא געבן מיט לאכרייגן פריליכן מוט אונ' זאל איטליכם שלום
געבן אפילו איינם גוי זאל ער זאגן גוטן מארגן גוטן אובנט מכל שכן איין יודן
זאל ער איטליכן מכבד זיין · מיט ווארטן אונ' מיט ווערקן ·
דער דרך ארץ איז אזו ער זאל איטליכן מכבד זיין אז וויא ער ווער רבן גמליאל אבר איין זיינר
דעה זאל ער אין הלטן פר איין גנב ער זאל קיינם נישט פר טרויאן · איטליכר בעל הבית
איז מחויב איטליכן מכבד צו זיין איז יענר עלטר דען ער פשיטא איז ער איין מחויב צו עהרן
דען ער האט מער מצות געטאן אז ער · איז יענר יונגר אז ער אזו ער אין אך מכבד זיין דר
האט ניט אזו פיל זיינד געטאן אז ער פיל זילכט לערנט ער בעסר אדר פיל זילכט האט ער מער
מעשים טובים אן זיך דען ער דרום זאל ער איטליכן מכבד זיין ער זייא נון ווער ער זייא ·
אונ' אך איז דער דרך ארץ דז ער איינם איטליכם איז מחויב צו ענטפרן דער אים שלום גיבט
אדר גוטן מארגן אדר גוטן אובנט אונ' ווער דאז ניט טוט דז ער ניט ענטפרט איינם אויף זיין
ווארט דער איז גיהייסן איין גזלן אז דער פסוק גיט גזלת העני בבתיכם דאז איז אזו טייטש
איר גזלת דען עני אין אייערן הייזרן · דא דרשת דיא גמרא דאז איז אזו וואן איינר דעם
אנדרן ביט גוטן מארגן אדר גוטן אובנט אדר גוט שבת אודר שלום אונ' ער ענטפרט ניט מיט
גוטר מוט אז דער טדר איז וויא אן ספלעגט צו ענטפרן דא הייסט דער זעלביג איין גזלן ·
דאז איז אך דער דרך ארץ דאז דער חשוב איז דער זאל גין אן דען רעכטן זייטן אונ' דער ניט
אזו קעגשטליך איז דער זאל גין אן דער לינקן זייטן אונ' וואן צווייא גינגן מיט איינם חשוב דא
זאל דער גרעסט חשוב גין אין דער מיט אונ' דער נאך דער חשוב אן דער רעכטן זייטן אונ' דער
שפעט אן דער לינקן זייטן · אונגייט זאל איין מענש זיין כבוד ניט אכטן ער זאל זיין כבוד ניט
הוך ווגן ער זאל אנדרי לייט מכבד זיין ער זאל נישט דער נאך פרעגן נאך זיינם כבוד · ער
זאל ניט מקפיד זיין וואז דז ער זיצט ווען ער שון גנץ אונטן אן זיצט · דען דיא שטאט איז
דען מענשן ניט מכבד אדרבה דער מענש איז דיא שטאט מכבד · דרום איז דער דרך ארץ
דז ער ניט זאל מקפיד זיין אויף קיינר לייא · אך אוב איינר עפס טעט דז אים ניט געפלט זאל
ער ניט מקפיד זיין דרויף · אך זאל ער זיך ניט איטליכז ווארט אן נעמן אוב מן איין שלין
האט גירעט וואז אים ניט ליב איז · אך זאל ער זיך ניט קריגן מיט דען לייטן · אך זאל
ער רעדליך אונ' אויף ריכטיג הנדלן ער זאל קיין קלאג ניט לאזן איבר זיך קומן דא ווערט ער
גיהייסן איין ערליכר בעל הבית · אבר דער ניט רעדליך הנדלט מיט דען לייטן אונ' זיין הנדל
איז ניט אויף ריכטיג דז ער ווער פארטן הפטיג אדר דאז ער ווער נאך גרייפג אדר ער לאזט
ניט געבן אונ' וואן אן איין שולדיג איז דאז לאסט ער אים קיין רוא ניט דער הייסט ניט איין
ערליכר בעל הבית · דרום איז דער דרך ארץ דז איין ערליכר בעל הבית דאז ער ניט זיין
אויג זאל געבן אויף אנדרי לייט געלט ער זאל זיך בינוגן לאזן מיט דעם וואז אים גאט בישערט
האט עז זייא פיל עז זייא ווינציג דען הקב"ה פר זאגט דען רייכן אוב ער בישטיט מיט זיינם
געלט אוב ער זילכש זיינש געלט ניט איבר נעמט אוב ער ניט האפרט טרייבט מיט זיינם געלט
אוב ער ניט מטיג גיין איז אוב ער רעדליך אונ' אויף ריכטיג הנדלט מיט זיינם געלט אוב
ער ניאנץ אן רעכט טוט אוב ער רעדליך בינאלט וועם ער שולדיג איז אוב ער ניט קריגט
מיט זיינם געלט אוב ער זיך בינוגן לאזט מיט דעם זיינן אוב ער זיך רעדליך הלט אוב ער זיך
משמח איז מיט דעם זיינן וואז אים הקב"ה בישערט האט דז ער ניט שטיט נאך איין
רעכט געלט · אך אוב ער רעכט מעשר גיבט אוב ער רעכט צדקה גיבט פון זיינם
געלט מיט אלם פר זאגט השם יתברך דען רייכן אוב ער וואל בישטיט · אונ' ווען ער וואל
בישטיט

בזשטיט אז וואז אים אול וואז זייני קינדרן וואז אים אויך דער וועלט וואז אים אויך יענר
וועלט דער הייסט איין ערזיכר בעל הבית דער האט דיא וועלט אול יענע וועלט מיט זיינם
געלט אין ער נכה לחיי עולם הבא · אין אבר זך דז ער ניט רעכט אום גינג מיט זיינם
געלט דז ער זיכש זיינש געלט אייבר נעמט אול ווער האפרטיג פון זיינם געלטש וועגן אול ער
טעט ניט וואז איינם ערזיכן בעל הבית צושטיט דער ווערט גיהייסן איין אן ערזיכר בעל
הבית אול דיא זייט האבן איין פיינט אול גאט יתברך האט איין אך פיינט דער פר דערבט זיין
עושר ער ברענגט זיך מיט זיינן געלט אום דיא וועלט אול אום יענע וועלט זיין עושר ווערט
אין קורץ צו בינן · אול אך פר וועלט הק״בה דען ענני אוב ער בשטיט אוב ער זיין דזות פר
גוט אויך נעמט דיא ושטראך פון הק״בה אוב עריש מקבל באהבה איז אול אוב ער ניט
ביגערט צו שטין נאך פין געלט נייארט נאך דעם דז ער קענט אויז קומן אוב עריש פר גוט
נעמט וויא עז אים גיט אויך דער וועלט · דיא צוויבן זייט האט הק״בה גער האלט אול
אירי תפלה ווערט דער הערט דער זיך פרייאט זייני יסורים דער איז איין רעכטער צדיק ·
דען דיא צדיקים וויסן וואל דז דיא יסורים איר כפרה איז אויך אירי זינד דרום איז דאז לך
איין דרך ארץ דז זיך איטליכר זאל משמח זיין ווען יסורים אויף אין קומן אז האט ער איין
גרושי מעלה גיהט אי איין הארבעי יסורים אויף איין מענשן קומט הזו מענר זאל ער זיך
משמח זיין עז איז איין משל צו איינם מאן דער האט ווידר איין מלך גיטאן אול ער ווער
גישטאנדן צום משפט אן האט אים לייב אול גוט אב גיפסקנת נון דער ער צוביג מאן טריב
אזו פיל שתדלנות דז עריש קענט אב קומן מיט איינר גרינגי זאכן איין הנט אב צו האקן אדר
מיט געלט אדר וונשט מיט אנדרי זאכן דז ער זיין לייב אול גוט ביהילט נון ווער דער צוביג
מאן ניט פריליך דז עריש אב קעם מיט געלט אדר מיט איין גרינגי זאך · אזו איז דאז לך
דען איין איטליכר ווייש דז קיין יסורים ניט קומן אויף דען מענשן דען זיינר זינד וועגן
בפרט אין דען דורות · נון ווער ער יוא ווערט דז ער פאר זינדיגט האט זיין לייב אול זיין
גוט אול ער קומט אב מיט יסורים זאל ער נון ניט פריליך זיין דער צו דז אים אזו איין
גרוש חסד גישיכט דז מן פון אים נעמט יסורים פר זיין גוף אול פר זיין ממון אול פר זיינר
נשמה דיא דא העט מוזן לידן איין גיהנם איז דאז ניט איין גרושן חסד פון השם יתברך
אול ער וויזש ניט דער קענן אול ער איז חס ושלום בועט אן דען יסורים אול ער וויל דען
גרושן חסד ניט האבן פון הק״בה דא ווערן אים זייני יסורים צו אייטל עבירות גלייך אז יענר
מאן דעם מן האט זיין גוף אול זיין ממון אב גיפסקנת אול מן העט אין ביגנאד מיט וואז
גרינגריש מיט געלט אדר מיט· וואז עז נון זועל אול ער וועל אזו ענוות אול שפרעך נום אלך
איך ביגער דיין גינאד ניט וויא ווערט עז אים דער גין אזו איז דאז אך דער דא איז בועט
אן יסורים דרום זאל איין איטליכר זיך משמח זיין מיט זייני יסורים עז זייא נון וואז עז פר
יסורים זייא עש זייא נון קראנקהייטן אדר עש זייא תפיסות אדר עש זייא דז ער ווער איין
עני אדר דז אים קינדר שטערבן השם ישמרינו· עש זייא נון וואז עש וויל דא זאל ער זיך
זאן דיכטן אז העט ער איין גרושי מעלה גיהט דר וויל דז ער זייני עבירות אב קומט מיט
יסורים · אול עש זאל קיינר ניט מהרהר זיין אויף הק״בה דז ער וועלט איין תערומות
האבן אויף הק״בה אול ער וועלט גידענקן ווארום קומט מיר דאז צו אדר ווארום קומט
מיר זעלכש צו דער טוט גלייך אז אים הק״בה אין רעכט טוט חס ושלום דא קעמן אים זייני
יסורים צו עבירות אול ער פר זירט פון דעש וועגן דיא וועלט אול יענע וועלט נייארט ער זאל
זיך גידענקן איך ווייז זיבר זידן אויך דער וועלט דיא יסורים דיא וועלט איז איין קליינע ווייל
דען דז איך זוולט זיין דאזו גיהנום דאז ווערט איין לאנגי וויל דארום זאל זיך איטליכר פרייאן

ווען אויך אים קומן יסורים • אונ׳ ווען ער איינם מענשן וואול גיט אונ׳ ער קומט אים
קיין ביז ניט צו דאש וואז ער זער ביזארגט זיין אויך דאז דז ער אים אזו וואול גיט אויך דען
עולם פֿין לייכֿט איז ער איין רשע דז אים גיבט הקב״ה זיין לון אויף דער וועלט • דען
זעלביגן דעם ער אזא וואול גיט דער זאל זער זארגן אונ׳ דער יסורים האט דז ער ניט פֿר
לירט זיין עולם הבא • דאש האבן חכמים ז״ל אים איין עצה געבן וויא ער אים טאן זאל דז
ער דען עולם אונ׳ עולם הבא אך האט ער זאל פֿון אלים מעשר געבן אונ׳ ער זאל צדקה
געבן מיט גאַנ׳ זיינם הערצן מיט פֿריליכן מוט אונ׳ ער זאל לאזן תורה לערנן אום זיין געלט
אונ׳ אך זאל ער ליכֿט געבן צו לערנן תורה • אונ׳ ער זאל זיך גיווינן אין דרך ארץ או
איינם בעל הבית צו שטיט אדר וואז ער פֿר איינר איז אזא זאל ער אן זיך נעמן דרך ארץ
דא מיט איז ער זוכה דז ער ביהאלט דיא וועלט אונ׳ איז אך זוכה צו עולם הבא •
דאז איז אך דרך ארץ פֿון ערליכי בעלי בתים דז זיא ניט זאלן צו זער מורא מאכֿן אין זיינם
הויז דען דער אזו איין נארניגר מאן איז דער אזא זער נארניג ווערט אין זיינם הויז דעם
גיבט זיין גזינד אים טריפֿות צו עשן אונ׳ זיא געבן אים אין ריינטליכי שפייז צו עשן דען זיא
פֿערכֿטן זיך פֿאר אים פֿר זיין רוגז זיא זאגן ניט ווען זיא וואז טריפֿה מאכֿן זיא פֿערכֿטן זיך
פֿאר זיינם רוגז • דארום האבן זיך ערליכי חכמים בריאט דז זיא אן איר טאג ניא זיינן
ברוגז גיוועזט אין אירן הייזר • דארום איז אך דרך ארץ דז קיין בעל הבית ניט זאל אין
זיין הויז הניין גין שטיל שוויגנדיג ער זאל דען ער רופֿט פֿאר אדר ער הוסט פֿאר אדר ער
קלאפֿט פֿאר אן דיא טיר דר וואַרטן דז מן אין הערן זאל זיין גזינד אונ׳ ער זאל כלל ניט
אורבילזינג קומן אין זיין הויז דאז ער ניט זעך וואז פֿון זיינם גזינד דז ניט רעכֿט ווער דא
ווערט ער ברוגז ווען אים וואז ניט גיפֿיל פֿון זיינם גזינד ער זאל אלזייט טראכֿטן דז ער ניט
זאל ברוגז זיין בפֿרט אין זיינם הויז דען ווען איין בעל הבית אפֿט ברוגז ווערט דא ווערט
עש זיין גזינד גיוואונט אונ׳ געבן נישט אויף רוגז דא ווערט ער נאך מער ברוגז • דיא
חכמים האבן גיזאגט רגזן לא עלתה בידו אלא רגזנותו דער רגזן ביקומט נישט מער
פֿון זיינם נארן כעס אוור ער גיווינט נישט דראן ניאורט ער פֿר לירט דראן ער פֿר לירט זיין
שכל אונ׳ פֿר לירט זיין נשמה דען דער רוגז קומט הער פֿון דער מידת פֿון גאוה דען דיא
ביידי מידות אין גוותן אונ׳ איין רגזן האט הקב״ה ביידר פֿיינט • איז דער דרך ארץ פֿון
בעלי בתים ווען זיא דאנגעהן אין אירן הייזרן דז ניט רעכֿט איז אדר וואז אים ניט גיפֿעלט •
זא זאל ער עש אין זאגן מיט גוטן אן רוגז קערן זיא זיך ניט דראן דא זאל ער זיך שטעלן אז ווען
ער ברוגז ווער אבר ער זאל מימשגאר ניט ברוגז זיין • דרך ארץ פֿון בעלי בתים דז
זיא זאלן לאזן אין אירן הייזרן עניים ערבטן ניט גוים דז דיא עניים גשפייזט ווערן ריינטליך •
אך איז אזו דרך ארץ פֿון בעלי בתים דז זיך איין בעל הבית זאל הלטן ניכֿטיג אונ׳ ערליך
אין זיינם הויז • ער זאל ניט שרייאן אונ׳ זאל ניט איין גרוש קול אויף ווערפֿן איבר זיין
גזינד מכל שכן איבר איינן אנדרן דען דער סדר פֿון עם הארצים דיא אזא שרייאן אונ׳
ווערפֿן איין קול אויף דז זייני שכינים הערן זיין גישרייא זא שפרעכֿן זייני שכנים וויא איין
גישרייא האט דער ער שרייאט אז איין איינז ער זאל זיך גיווינן צו רידן זייני ריד במתק
לשון ניט מיט גישרייא מיט זיינם גזינד מכל שכן ניט מיט איינם פֿרעמדן • זיטיג זאל
ער רידן מיט זיינן גזינד מכל שכן מיט איינם פֿרעמדן דען ווערן זייני ריד גיהערט אול
אונ׳ זיא ווערן אים גיפֿעלניג זיין פֿיל מער אז מיט שרייאן אפֿילו זיין איינגן קינד
טאר ער ניט אן שרייאן מכל שכן איין פֿרעמדן דז ער ניט זאל אן שרייאן ער איז
זיינם קינד מחויב צו זאגן מיט גוטן קערט עש זיך ניט דראן איז ער מחויב זיין
קינד.

קינדר צו שטראפן מיט דער רוטן דר וויל עש נאך קליין איז או עש ווערט בשיידן אים פרק
גידול בנים דאז ער זיין קינדרן ניט זאל שלאגן אים רוגז ער טאר קיין שלאק ניט
געבן אים רוגז ער זאל ווארטן ביז אים דער רוגז איז פר גאנגן . אונ'
זאל אים זאגן ווארום דז ער עש זאגט אבר כלל ניט אין רוגז .
איין מעשה איז געשעהן דא רבי אליעזר בן עזריה האט זאלן שטערבן דא זיינן זייני תלמידים
הניין צו אים גנגן דא שפראכן זיא צו אים רבינו אונזר רבי לערן אונז דען רעכטן וועג דז מיר
דאש איבגי לעבן קענן ביקומן . דא זאגט ער איך וויל אייך לערנן דרך ארץ דא מיט דאז
איר ווערט זוכה זיין צו עולם הבא . זייט זער גיווארנט אן כבוד אייארי חבירים . דאז
אי איינר דען אנדרן הלט בכבוד אונ' וואז אייך ליב איז דאש טוט אייארן חבירים אך אונ' וואז
אייך ניט ליב איז דאז טוט אייארן חבירים אך ניט . אונ' ווען איר תפלה טוט זייט וויסן
פאר וועם איר שטיט אונ' מיט וועם או איר אייארי ריד רעדט איר זאלט אייך לאזן דוכטן או
איר שטיט פאר איין מלך בשר ודם . וויא וואול דאז עס איז פיל טויזנט מאל מער איז דער
כבוד פון הקב"ה דען דער כבוד פון איין מלך בשר ודם נאך דענוכט ביגער איך נישט מער
פון אייך דען דז איר אייך זאלט לאזן זעלכי מורא אן גין או פאר איין מלך בשר ודם או דיא וויל
דז איר שטיט בשעת תפלה אך או די וויל דז איר זייט אין דער היילגי שול זאלט אייך דיכטן או
דער מלך ווער אך אין דער שול או אונ' ער זיכט אלז אונ' ער הערט אלש אונ' ער גיבט אויף אלש
אכטונג דעש גלייכן זאלט איר אך טאן אין דער שול דא מיט ווערט איר זוכה זיין לחיי עולם
הבא . דער דריט ארץ פון בעלי בתים איז אך זאל זיך היטן איטליכר בעל הבית פר הלטן
מיט זייני שכינים אונ' מיט אידר מאן אך זאל ער זיך הלטן צו פרומן לייטן אך זאל ער זיך ניט
פרייאן ווען עס אנדרי לייט איבל גיט . אך זאל ער ניט טרויארן ווען אנדרי לייט זיך פרייאן
אונ' ער זאל ביזארגט זיין ווען אנדרי לייט זארגן אונ' ער זאל זיך אנטער זיין ווען אנדרי לייט זיך
אנטער זיין . אונ' ער זאל ניט לאכן ווען אנדרי לייט וויינן אונ' ער זאל ניט וויינן ווען אנדרי לייט
לאכן . ער זאל ניט שלאפן צווישן לייט דיא דא וואכן . ער זאל ניט זיצן וואו אנדרי לייט
שטינן אונ' ער זאל ניט שטין ווען אנדרי לייט זיצן . דאש איז דער כלל פון דער זאכן ער זאל
ניקש משנה זיין ער זאל טאן וויא אנדרי פרומה לייט טונן ער זאל זיין דעה מבטל זיין פר אנדרי
דיעות ער זאל נישט משנה זיין ער זאל טאן וויא אנדרי פרומה לייט טונן . אזו גיט דער
מאמר ווייטר שמע בני רנה אמרי דרכו לך שנות חיים . פר נעם מיין זון פר נעם מיין רידן
דא ווערן דיך מערן דיין לעבן אויף דער וועלט אונ' דו ווערשט זוכה זיין לחיי עולם הבא .
ניט דוא זאלשט געבן דיין אויגן אן אנדרי לייט געלט . ניט דוא זאלשט צו הערן דברים
בטלים . ניט דוא זאלשט רידן לשון הרע . ניט דוא זאלשט צו הערן לשון הרע . ניט
זיא זאלן דיך דייני פיס טראגן צו קיינר עבירה . ניט דוא זאלשט פר מיידן צו געבן צדקה .
דייני אויגן דיא ניט האבן גילושט אנדרי לייט געלט דז דוא דיין אויג ניט האשט דראן גיגעבן
דיא ווערן זוכה זיין צו זעהן דיא שכינה אונ' דיא גאולה . דיין אורן דיא ניט האבן צו
גיהערט דיא דברים בטלים לשון הרע דיא ווערן זוכה זיין צו הערן פון שלום אונ' זיא ווערן
זוכה זיין צו חיי עולם הבא . דיין מויל דז ניט האט גירעט לשון הרע אונ' ניט דברים בטלים
דאש ווערט זוכה זיין צו דער ציון דיא לוב פון הקב"ה אונ' ווערט זוכה זיין צו תחיית המתים .
דאז מויל דאז דא הוט גילערנט תורה דאש ווערט זוכה זיין צו אלי דיא טובות אונ' אלי דיא
ברכות דיא דא זיין גשריבן אין דער תורה . דייני הענד דיא זיך האבן גיהיט פר פרעמד
געלט וואש ווערן דיר קענן טאן דיא ביז וועכטר אונ' די רשעים דייני הענד דיא דוא האשט
דער מיט צדקה גיגעבן וואש קענן דיר טאן דיא לייט דיא האבן ליב דאש זילבר אונ' דאש

גאָר • דייני פֿיט דיא דיך ניט האבן גיטראגן צו איינר עבירה וואש קאן דיר טאן דער
מלאך המות • רבי אליעזר הקפר זאגט אזו זייא דיך פֿערן פֿון תערובות כלומר דוא
זאלשט קיין שנאה ניט האבן אויף קיין פֿרומן יודן ווען דוא ווערשט איין שנאה האבן דז איז
איין עבירה דיא גרעבזיג עבירה פֿון שנאה ברענגט אנדרי עבירות זיין הרע אונ רכילות אונ
קלאות ועלבי עבירות קומן פֿון שנאה • האב ליב דיין שטראפֿר אונ האב פֿיינט דער דיך
לובט • דען דער שטראפֿר מאכט דיש דוא ביקומשט מער פֿרומקייט אונ מער חכמה אונ
מער תורה • אבר איינר דער דיך לובט דר מאכט דיך זינדיגן אונ ער ברענגט דיך אום דיין
פֿרומקייט אונ ער ברענגט דיך דז דוא ניט מער לערנשט תורה אודר חכמה דען דער דיך
שטראפֿט דער מיינט עש גוויש גוט מיט דיר אבר דער דיך לובט דער טרייבט דיר חניפֿות
דער מיינט עש ניט גוט מיט דיר ער לובט דיך פֿון זיינר הנאה וועגן אונ ער ברענגט דיך אום
דיין עולם הבא • דארום האב פֿיינט דער דיך לובט אונ האב ליב דער דיך שטראפֿט •
אונ האב ליב דיא שולן אונ דאש בית המדרש דער ווארטן דז דייני קינדר זאלן ווערן צדיקים
אונ גרושי לערנר • אונ האב ליב דיא עניים אונ האב ליב דיא דעמוטיגן זייט אונ האב
ליב דיא צדיקים האב פֿיינט דיא רשעים האשטו ליב דיא שולן דא ווערן דייני קינדר זיין
צדיקים אונ ביקומשט שכר לעולם הבא • האשטו ליב דאז בית המדרש דא ווערן דייני
קינדר זיין תלמידי חכמים • האשטו ליב עניים דא ווערן דייני קינדר ניט ווערן עניים •
האשטו ליב די דעמוטיגי זייט דא ווערשטו דייני יאר אויז לעבן • האשטו ליב דיא צדיקים
דר פֿישטו דיך ניט פֿערכטן פֿר דעם מלאך המות • האשטו פֿיינט דיא רשעים דא האט
הקב"ה דייני פֿיינט אך פֿיינט • זייא גיווארנט דאז דוא אלזי טאג אורשט בכוונה קריאת
שמע אונ שמונה עשרה דער ווארטן דז דוא ווערשט בשירמט פֿר דעם גיהנום • אונ זאג
אמן יהא שמיה רבה בכוונה אונ אמן אויף איטליכי ברכה דא בישטו מבטל איין בייזי גזירה
השם ישמרנו הלט דיין הויז טיר אופֿן דז דיא עניים קענן הניין גין דער ווארטן דאז דיר דיין
שפייז ניט ווערט גיברעכן אונ ווערט דיר נישט אב גין דרדאן זייא זער גיווארנט דז דוא דייני
טירן אופֿן הלשט דז זיא וויט אופֿן זאלן זיין איבר דיינם עשן איין דער זייט ווען דוא עשט דז
דיא עניים זאלן הניין גין דאז זיא וואש פֿינדן צו עשן דא ווערשטו אונ דייני קינדר ניט ארם
ווערן • זייא גיווארנט דאז דוא דיין ווייב ערוך הלשט דער ווארטן דאז דיר גאט אזו
ברכה ווערט געבן • זייא דיך משמח ווען יסורים אויף דיך קומן אז ווען דוא איין מגיפה
העשט גיפֿונדן דער ווארטן דז דוא דייני עבירות אב קומשט אונ דוא ווערשט דער דורך
זוכה זיין לחיי עולם הבא • זייא דיך מטריח פֿון וועגן דאש קהל וועגן ניט שפריך
איך בין דאך ניט דאש הקהל וואש גיט מיך אן זיין נייארט דוא זאלשט זיין גוואן חסד מיט
יתומים אונ מיט רבים • דוא זאלשט ניט פֿר מיידן דייני פֿיט גמילות חסד צו טאן
אונ צו טאן מצות אויף דען זעלבגן גיט דער פסוק • ברוך אתה בבואך וברוך אתה בצאתך
דאש איז טייטש גיבענשט זאלשטו זיין אין דיינם איין גין • אונ גיבענשט זאלשטו זיין אין
דיינם אויז גין • דא דרשת דיא גמרא אז ווען דוא קומשט אין דעם עולם הניין ווען
דוא גיבארן ווערשט דא קומשטו אן עבירות אזו אך ווען דוא אויז גישט פֿון דער
וועלט ווען דוא שטערבן ווערשט דא ווערשטו אך גין אן עבירות • דער איין
עזות פנים האט דאז ער זיך ניט שעמט פֿר איינם דער עלטר איז אז ער אדר פֿר איינם
דער בעשר לערנט אז ער דער ווערט מגורש • אודר עש קומן צו שט אזו פֿון
יסורים אויף אין נאך זיינן מעשים רעים איינר דער דא זאגט שטין איין מצוה אונ ער גיט
צו איינר עבירה נאך דעם איז זיין עונש דאש אים זיין ליב ווייב שטערבט אם אויר השם
ישמרנו

ישראל • גישטו פֿון ווענן איין תלמיד חכם אונ׳ פֿר ריכֿטע איך זייני זאכֿן דא ווערשטו
בקומן פֿרומי קינדר • גישטו פֿון איינם עני ווענן פֿר ריכֿטע איך זייני זאכֿן דא
ווערשטו האבן זין דיא ווערן תורה לערנן אונ׳ מצות ווערן האלטן זיכֿשטו איין מת טראגן
גיא מיט צו דער קבֿורה • זיך דאז דוא שלום מכֿשט צווישן מאן אונ׳ ווייב אונ׳ צווישן
רעכֿן לייטן • זיכֿשטו איין עני גיב אים לאז אין ניט לידיג פֿון דיר גין זיכֿשטו איין עני
דער זיך שעמט צו נעמן זא זייא אים טוא וויא דוא קאנשט דאז דוא אים העלפֿשט
טראכֿט אויף אים דאז איך גיהאלפֿן ווערט דען ווערט דיין תפֿלה דער הערט • האט
דיר איינר איין גוטש גיטאן זיך דאז דוא אימש פֿר גלטשט מיט אלם גוטן • זייא ניט
כופֿר טובֿה טוא אים ווידר גוטש ווען דוא שון מיינשט ער האט דיר דיא טובֿה גיטאן פֿון
זיינר טובֿה ווענן ווייל דיר איין טובֿה איז דער פֿון גיקומן זייא ווידר מטיבֿ מיט אים טוט
דיר איינר איין קליינו טובֿה זאל דיך דיכֿטן אז העט ער דיר איין גרושי טובֿה גיטאן •
טוט דיר איינר איין גרושי רעה זאל דיך דונקן אז העט ער דיר גאר קיין ביז ניט גיטאן •
זאל דיך פֿר שעמן אונ׳ פֿר שעם דוא קיינן ניט • זייא איין עניו זייא נער אונ׳ נער
דעמוטיג זייא ניט הוך מוטיג זאל דיך ניט מיטלייכֿש וואהרט פֿר דרייטן • זייא ניט
מקבל לשון הרע ניט דוא זאלשט צו הערן לשון הרע זאגט דיר איינר איין לשון הרע
זאג צו אים איך גלויב דיר ניט גיא אונ׳ זאג אימש אונטר זיין פנים ווייל דאז דיא מיר פֿיר
זאגשט אונ׳ זאגשט אים ניט אין זיין פנים דא איז עש לשון הרע פֿון זעלבט ווען דוא
אים עש ווערשט זאגן אונטר זיין פנים דא ווערט ער זיך פֿר ענטפֿרן • ווען דיר
איין קעם איין כיגן הירהור דאז דוא גידענכֿשט איין עבֿירה צו טאן אונא כֿור פֿר זאל
דען הירהור אונ׳ גידענק איין מצוה צו טאן • טרייב ניט לינצות דש איז גישפעטרייא
ווערשטו יוא שפאטן דען לייטן דא מושטו דיך פֿערכֿטן פֿר יסורים • דייני
ריד דיא דוא רעדשט מיט דען לייטן זאל דייני ריד באמעליך זיין ניט שרייא מיט
דען לייטן מכל שכן דאז דוא קיינם ניט זאלשט אן שרייאן דז דוא איין ניט בחרפה מכֿשט •
הלט דיך צו גוטי חבֿרותה פֿר מייד בייזי חבֿרותה טוא זויפֿלאז וואז צו איינר גרינגי
מצוה אז צו איינר החרבי מצוה • פֿר מייד פֿון איינר קליינו עבֿירה אזו וואל אז פֿון
איינר גרושי עבֿירה • האשטו פֿיל תורה גלערנט אדר האשטו פֿיל מצות גטאן זאל דיך
דיכֿטן אז העשטו ווינציג תורה גלערנט אונ׳ אז העשטו ווינציג מצות גיטאן דען דוא
בישט דרום בישאפֿן גיווארדן דז דוא זאלשט תורה לערנן אונ׳ דיא מצות זאלשטו טאן •
האשטו איין קליינו עבֿירה גטאן זאל דיך דיכֿטן אז העשטו איין גרושי עבֿירה גטאן •
האשטו ווינציג עבֿירות גטאן זאל דיך דיכֿטן אז העשטו פֿיל עבֿירות גטאן אונ׳ טוא
בצייטן תשובֿה דרויף אונ׳ זאג אזו וויא מיר דז מיר ועלכי החרבי עבֿירות זיין צו גקומן
וויא מיר וויא אוו איך איין גרושר זינדיגר זיין דז מיר ועלכי הרבי גרושי עבֿירות זיין צו
גקומן • קומן דיר יסורים צו זאל ער אזו גידענקן אונ׳ זאל זיך לאזן דיכֿטן עז ווער נאך
צו ווינציג ער העט נאך גרעשרי אונ׳ מער יסורים פֿר דינט אזו זאל ער זיך גדענקן
אבר ער זאלש ניט רידן דען עז טאר קיינר ניט דען מדת הדין אויף זיך ערוועקן אט
ושלום • סוף דבֿר כל מעשיך יהיו לשם שמים דער סוף איז פֿון דעם אלק דרך
ארץ פֿון בעלי בתים ער זאל זיין אין אלי זייני מעשים זאל זיין לשם שמים אונ׳ איטליכֿר
זאל גדענקן דז ער ווערט מוזן אויף אלז דין אונ׳ חשבון געבן אויף אלי זייני מעשים
אונ׳ אויף אלי זייני ריד עש זייא גוט עז זייא ביז דרום זייא גאטש
פֿארכֿטיג אין אלי דייני זאכֿן ׃

דרך

## דרך ארץ פון בחורים אונ׳ פון יונגן :

איין בחור זאל זיך בתרבות הלטן מיט זיינם לערנן אונ׳ מיט אלי זייני מעשים זאל ער בתרבות זיין ער זאל ניט ענוות זיין אפילו אין זיין לערנן מכל שכן אין וועלטליכן דאז ער זיך זאל בתרבות הלטן. איין בחור זאל ניט פיל שפילירן גין אונ׳ ער זאל לערנן יום ולילה דא מיט דאז ער קאן קומן צו איינר גדולה. איין תלמיד חכם דער טאר דאז ניט טאן דאז ער וועלט לערנן דז ער צו איינר גדולה וועלט קומן אדר פון זייני הנאה וועגן דאז ער וועלט הנאה האבן פון זיינש לערנן וועגן. אבר איין בחור האט דען פר שטנד ניט אזו גוך ניט ווארום דז ער זאל תורה לערנן דא האבן אים דיא חכמים דער לויבט דאז ער טאר וואל תורה לערנן פון זיינר הנאה וועגן פון דעש וועגן דז מן אים זאל געבן איין גרושי נדוניא אדר פון דעש וועגן דז ער זאל קומן צו איינר גדולה דארום האט מן אים דער לויבט ווען ער ווערט אלט ווערן דא ווערט ער געווארט לערנן אונ׳ ווערט וויסן דארום דז ער תורה לערנט דא ווערט ער וואל דען רעכטן טור געוואר ווערדן. איטליכר בחור זאל זיין תפלה בכוונה טאן אונ׳ זאל ניט אהרהר זיין נאך איינר פרויאן. קעם איין איין הירהור אן זאל ער שווייגן אונ׳ זאל אהרהר זיין אויף דברי תורה אדר אויף איין מצוה. עש זאל קיין בחור נייט אן טראגן קעשטליכי קליידר אך ניט זויבר אך ניט גמאר דען דיא גוטן קליידר אונ׳ זויבר אונ׳ גמאר זיין איין אבטל פון זיינם לערנן אונ׳ ער גיט ביטולים נאך פון וועגן זייני קליידר דער. דרך ארץ איז פון יונגן אונ׳ אלטן אונ׳ ווייבר אונ׳ מיידן דאז ניט איינר זאל טאן פר דען אנדרן וואז ער פיר אים מיאוס ווער דארום זאל קיינר ניט אויז שפייאן פר זיינם חבר דען ער טרעטיש געריכטיש אויש. אך ווען ער זעך שפייאכטיג ליגן ווען ער איזן מיט פון אים איז דא זאל ער איז טרעטן. דאז זיין חבר ניט מיאוס דער פיר ווערט מכל שכן דז קיינר ניט זאל זיין נויד טאן וואו לייט הירבר גין. אז דער פסוק גיט ויתד תהיה לך על אזניך והיה בשבתך חוץ וחפרת בה ושבת וכסית את צאתך. דאז איז אזו טייטש דאז איטליכר זאל האבן איין נאגל אויף זיינם שווערט דא מיט זאל ער איין גרוב מכן גראבן אונ׳ ער זאל זיין נויד אין דיא גרוב הניין טאן אונ׳ דער נאך זאל ערש צו דעקן מיט ערד דא זעהן מיר יוא וואל דאז הקב״ה ניט וויל האבן דאז איינר זיין נויד זעהן זאל לאזן אדר אלז וואז דעם מענשן מיאוס איז דעש גלייכן איז אך דער איין לויז קניקט פר זיינם חבר אונ׳ אים איז מיאוס דער פיר דער מוז דארום לידן איין גיהנום אדר דז ער ניט זאל רידן פר זיינם חבר ריד דאז אים מיאוס איז בפרט איבר דעם טיש ווען מן עסט אויף דאש אונ׳ אזו ער דין אונ׳ משפט געבן אונ׳ זיין ענוש ווערט ער מוזן לידן איום גיהנום דאז איז דער דרך ארץ פון בחורים :

דאז רעכט פון יונגן דיא אירן פר שטאנד האבן. דרך ארץ דז זיא זאלן בתרבות זיין אונ׳ זיא זאלן זיא האבן פר עלטרן אונ׳ זיא זאלן זיך שעמן אונ׳ זיא האבן פאר אלטן לייטן אונ׳ זיא זאלן צו הערן שטראף וועלן אן זיא שטראפט אונ׳ זיא זאלן אירי אויגן אונטר זיך הלטן ווען אן זיא שטראפט אונ׳ זיא זאלן ניט אן זעהן דען דער זיא שטראפט אונ׳ ניט אן גלאצן אירן שטראפר אונ׳ זאלן זיך דראן קערן ניט דאז מן זיא בידרן ווידר צו שטראפן. אום דאש דז מן זיא פאר איין מאל געשטראפט האט זיא זאלן געדענקן אן דיא שטראף די מן זיא געשטראפט האט ער זאל זיך שעמן מער זעלכי זכן צו טאן ווארום דז מן איין איין מאל געשטראפט האט דז מן אין ניט בידרן דארף אנדר מאל ווידר ארום צו שטראפן. אך איז דרך ארץ פון יונגן לייטן דאז זיא ניט זאלן פיל רידן פאר אלטן לייטן דען זיא זאלן דען עלטרן צו הערן אירי ריד דא קענן זיא וואש חכמה מקבל זיין מכל שכן דז זיא ניט זאלן איינם עלטרן איין ריד הניין פון :

דרך ארץ פֿון יונגן דז אן זיא ואָן גיווינן אבנט אונ׳ מארגניש אין דיא שול הגיין נוגין אונ׳ ואָן
אירי תפֿילה בכוונה טאָן אירן שכֿן נאך • אונ׳ זיא ואָן ניט רידן דבֿרים בטלים אין דר שול
אונ׳ זיא ואָן אויך איטליכֿי ברכֿה אמן זאגן • אך איז דרך ארץ פֿון דען יונגן דז זי ואָן אין
גלן טאג בייא דעם רבי זיין אונ׳ זיא ואָן ניט אום לויפֿן אונ׳ ואָן ניט עזות קייט טרייבן דען
ווען זי אום לויפֿן אונ׳ טרייבן עזות קייט דר ווייל פֿר געסן זיא וואש זיא גילערנט האבן • זיא
ואָן איר לערנן אום חזרן ווען זיא לידיג גינן • אונ׳ ווען דיא יונגן בייא אננדר זיין אונ׳ טרייבן
איר קאר׳ן ווייל ואָן די יונגן ניט שווערן אויך ניט שעלטן קיין קללה אכֿן שכן ראָז זיא זיך ניט
ואָן מיט אננדר שלאגן אך ואָן זיא ניט שרייאן זיא ואָן ניטיג אונ׳ בתרבות זיין אי איינר ואָן
דען אנדרן אונטר ווייזן אונ׳ ואָן אין תרבות לערנן • דר דרך ארץ פֿון יונגי לייטן דז זיא זיך
ואָן שייאן פֿר עלטרן אכֿן שכֿן פֿר אלטן לייטן אכֿן שכֿן פֿר אין תלמיד חכֿם או דער פסוק גיט
ראוני נערים ונחבאו שפרעך דר נביא זיא האבן גיזעהן איך דיא יונגן אונ׳ זיא האבן זיך פֿר
בארגן פֿר מיר דאש ער פֿון אין גיהערט דז דיא יונגן ואָן זיך שייאן פֿר עלטרן אונ׳ זיא ואָן זיך
פֿר בערגן מיט אננדר אונ׳ זי ואָן ניט פֿר לייטן איר קאר׳ן ווייל טרייבן אונ׳ איר יונגי זכֿן ניט נו
טאָן פֿר אלטן לייט אכֿן שכֿן ניט פֿר אין תלמיד חכֿם • דר תרבות איז פֿון יונגן לייט אכֿן שכֿן
פֿון אלטן לייטן אכֿן שכֿן פֿון ווייברן דז ניאנגל ואָן עסן אויף דר גסן אכֿן שכֿן אויף דען מרק או
די גמרא גיט איינר דר דא עסט אויף דר גסין אכֿן שכֿן אויף דען מרק דער איז גלייך או אין
הונט אונ׳ ער איז פסול לעדות דער ווייל דז ער קיין בושת ניט האט אונ׳ שעמט זיך ניט נו עסן
פֿר לייטן או דר הונט טוט אך אוז דארום איז ער פסול לעדות ער האט קיין דרך ארץ ניט אונ׳
האט קיין שיא ניט דא שיאט ער זיך אך ניט נו זאגן פֿלש און רעכֿט עדות דרום איז ער
פסול לעדות :

דרך ארץ פֿון ווייבר אונ׳ מיידן :

דער דרך ארץ פֿון איטליכֿר פֿרויא דז זיא ואָן אין צנועה זיין אונ׳ זיא ואָן פֿרום זיין אונ׳ זיטיג
ניט זירכן מיט אירם מאן אודר מיט אירן קינדרן אודר מיט אירן דינשט מיידן ואָן זיא ווילג
זיין מיט אירם גזינד • איטליכֿה פֿרויא ואָן אין צנועה זיין אין אירן הויז דאש מיינט אזא זי
ואָן ניט פֿיל אויז גין זיא ואָן דר הייאן בלייבן אין אירם הויז ניט פֿיל אויף דר גסין גין אכֿן שכן
דז זיא ניט ואָן שפֿצירן גין אכֿן שכן דז זיא ניט אונטר דען מאנן ואָן גין דען עש ווער נו
זארגן דז זי ניט ווערט מהרהר זיין אויף אין עבֿירה אדר זיא מאכֿט דז אין מאן גג׳ן אויף איר
ווידר מהרהר ווער דאש ווער אין גרושי עבֿירה • דען הירהור עבֿירה איז הרבר או דיא
עבֿירה זעלברט • דז וויל איך אייך נו פֿר שטין געבן מארום דז הירהור עבֿירה הרבר איז או
די עבֿירה זעלברט דען ווען איינר אין עבֿירה טעט בשוגג און הירהור עש קעם אים אין
עבֿירה נו און פֿר זונן אונ׳ ער טעט דיא עבֿירה דא זינדיגט דער גוף • דער גוף איז אייטן
יצר הרע אונ׳ איז אייטן ערד אונ׳ אנו איז זיין כפרה דאז ער אוז ברענגן אין קרבן חטאת אויף
די עבֿירה דז קרבן חטאת דז ווערט גיגעשן נישט אמר ברענגט אן דר פֿון אויף דז אונבת או
דאז דם אונ׳ דאז חלב דאז אנדר ווערט גיגעשן דיא כהנים ווער דער נו גיהערט דען דר וויל
זיין גוף גיזינדיגט האט דארום ווערט דאש פֿלייש אך גיגעשן • אבר איינר דער אין עבֿירה
טוט מיט הירהור דז ער מהרהר איז אויף אין עבֿירה עמן ער טין דיא עבֿירה ניט טוט דא
איז זיין עונש זער גרוז דען ער איז זיין שכֿן מטמא אונ׳ זיין נשמה איז ער מטמא • די נשמה
איז דר שכֿן דר וויל דז ער מהרהר איז מיט זיינר נשמה דא איז די עבֿירה יא ווער או איינר
דער אין עבֿירה טוט מיט זיין לייב דא איז זיין עונש פֿין הרבר דארום מוז ער ברענגן אין
קרבן עולה דאש קרבן עולה איז גאר גיקומן אויף דאש אונבת און האט דיא גירערט אונ׳ דיא

פאנן אויז גיוואשן גאר ריין אונ' האט עש פֿר ברענט אויף דעם מזבח מיט פֿלייש אונ' מיט
קאפף אונ' מיט פֿיס מיט פאנגן מיט גידערם האט גיזאגט גיטט טעמן דער פֿון עסן נואנאה דא
זעהן מיר יוא וואו דז הירהור עבירה הרבה ערגר איז דען דיא עבירה זעלברט איז אן הירהור •
דארום האבן דיא חכמים פֿר באטן דז דיא ווייבר ניט זאלן פֿיל אויש גין אונ' זיא ברענגן פֿיל
פסוקים דרויף אייך ענגש קאר'ן ביטיירן עש ווער צו לנג דער פֿון צו שרייבן • דרך ארץ פֿון
דען ווייבר איז זיא זיך זאלן זעגן ביא דער אווזה איגן וויניג איז הויז דארינן ניט הויזן פֿר
דער טיר דז מן זיא ניט זיכט אונ' זיא קאן יוא הרויז זעהן רען עש איז ניט גוט דז זיך איין
פֿרויא זעלט פֿר דיא טיר הין קיין צניעות איט אונ' דיא עובר דיא זיך זעצן פֿר דיא טיר אונ'
זיינן אירי קינדר פֿר דער טירן אונ' דיא דא וויינן אירי בריסט פֿאר לייטן דאז איז איין גרוש
פריצות דאש שטיט קיינר יורן ניט צו דיא אירי בריסט זאלט זעהן אויף דער גסן ריא אכט
דיא לייט זינדיגן דיא ווערט אונז איין גרושן עונש דרום זאלן • אך זיינן עטליכֿי ווייבר
זעלן זיך אויף דיא גס אונ' עדבטן ננהן אדר שפינן אדר וואשנן דיא ערבט איז דאש איז
אויך איין גרוש פריצות • דען אונטר ווילן זיגט זיא אונ' ווישט אירי בלוטי ארם אדר אנדרי
ערטר דיא זיא ניט ווייזן טאר פֿאר דען פֿיר ווענגט דאז ברענגט אך איין גרושן עונש • אך
אונטר ווייזנש זייגן זיא אונ' זאגן וואגן אירי קול הערן דאש איז אך איין פריצות דען דרך ארץ
פֿון ווייבר אונ' פֿון איירן דז זיא אירי קול ניט זאלן לאזן הערן דיא מאנן • דארום זאלן זיא דר
הייאן בלייבן דז קיין מאן ניט קיין הירהור איין קומט פֿון אירן פריצות וועגן דאז זיא איר קול
לאשט הערן אדר איר בלוטי ארם ווייזט פֿר דען מאנן דארום זאלן זיא דער הייאן בלייבן
אונ' זאלן ניט פֿיל אויש גין אבל שבן ניט פֿר דער טירן זיצן אויף דער גסן • וויא וואול דז
דא שרייבן דיא רבנן דיא אין אונזרן צייטן זיינן גיוועזט די שרייבן אבו דאש איר איבונדר איין
אונזרן הורות ניט קענן נוהר זיין איר קענן ניט גיווארנט זיין אן דעם דאש דיא חכמים אונ
הרב גיאורכט האבן אונ' אך אין דער תורה פֿאר באטן איז • וואש אן בילאנגן איז דיא
ווייבר מיט אירן אויש אויז גין אויז אירם הויז בפרט וואו דיא מאנן זינן • דען אין דען
דורות זיינן זיך דיא ווייבר אך מחיה אונ' זיא האבן איר מחיה פֿון דען מאן דאז זיא זעלביגן
גיוויסט אונ' איר מחיות האבן פֿון דען מאנן דאש איר איבונדר ניט זואל קענן גיווארנט זיין
אז דיא תורה האבן וויל אונ' אז דיא חכמים פֿאר באטן האבן די האבן נאך פֿיל הדבר גיאוכט
דש ניט וואול אפֿשר איז דז איר דראן קענן נוהר זיין • גלייך וואול וואש איין פריצות איז דא
קאן גיזאג'ן אתיר זיין או עטליכֿי ווייבר לאזן איר בריסט זעהן וועלן זיא אירי קינדר זייגן אך
עטליכֿי לאזן איר האר זעהן עטליכֿי לאזן איר קול הערן דאז איר שבינים הערן זיא שרייאן
אדר אויף דער גסן הערט אן זיא שרייאן אדר זעגן זיא שטיט אדר זינגט אויף דער גסן
לאשט זיא איר גישרייא הערן דאש איז אייטל פריצות דא האבן דיא רבנים קיין היתר ניט
גיפֿונדן • דארום זאלן איר מאן דאש אדר דעז גלייבן כלל ניט לאזן פֿון זיינם גיזינד •
איר פֿינדן אין דער הייליגי תורה דא דער כהן האט דיא סוטה גישטעלט אים גרושן טאר
אין דער עזרה דאז איז דער הייליג הויף פֿר דעם בית המקדש דאז זעלביג טאר האט
גיהייסן דז טאר ניקנור דא זענן כאטש כל ישראל דא גישטאנדן אונ' דער כהן האט איר
איין הערנן שטריק אום אירן האלז גיטאן אונ' ער האט איר הויב אונ' שלייאר אב גריסן דא
איז זיא אזו גשטאנדן אין האארן פֿר כל ישראל אונ' ער האט איר אירה קליידר פאנגן אויף
גריסן דז זיא מיט אירי בריסטן אויף גריסן איז גשטאנדן פֿר כל ישראל אין גרושן שאנדן •
דען הקב"ה האט גיהייסן אזו מיט איר אום גין דער ווייל דז זיא זיך האט ניט בצניעות
גהאלטן ניארט מיט אייטל פריצות מדה כנגד מדה דרום דז זיא זיך האט גישטעלט

אין

בייא איז זיא איז עש איין איבל שטנד ווען זיא זיך טרונקן טרינקט עש הייסט וואל קיין פריצות
זולן מיר מאן בייא איר איז עש איז אבר קיין דרך ארץ ניט עש איז איין איבל שטנד פון איינם
מאן מכן שכן פון איינר פרויאן • דרך ארץ פון איינר פרויאן דז זיא זיך זאל פר האלטן מיט
אירן שכינים אונ׳ זאל הין לייאן זעלכי זכין וואז ארלן דז זיא קיין שאדן ניט דרפֿן טונן • אבר
מאז ארלן דאז מן שאדן טעט דאש טאר זיא ניט וועק לייאן אן אירן מאנש רשות • דרך
ארץ פון איינר פרויא דז זיא זיך ניט זאל קריגן מיט אירן שכינים זיא זאל ניט אזא בזר פנטוורן
אוב מן איר עפיש גירעט הבש דאז איר צו גנויא וועֿר זא זאל זיא זיך נישט אן נעמן זיא זאל
און זיין דען הקב״ה האט נימט אזו ליב אז שלום • וואו דא איז שלום איז מייטן און
אונ׳ ברכה והצלחה • דאז איז יוא וויטיגליך דאז הקב״ה ניישט אזו פֿיינט האט אז איין
ליגנר איינר דער ליגן אודר שקרים זאגט דער קאן ניט קומן אין דיא מחילה פון הקב״ה אז
דער פסוק ניט לא יכון שקרים לנגד עיני ער זאל ניט ווערן בירייט איין ליגנר צו קומן קיגן
מייני אויגן פשיטא איז אך דרך ארץ מער פון איינר פרויאן ניט ליגן צו זאגן מער אז איינם
מאן • אבר דאך פון שלום וועגן דז מן וויל שלום מאכן צווישן מאן אונ׳ ווייב אודר צווישן צוויא
חבירים דא טאר מן וואל ליגן זאגן אזו גאר ליב האט הקב״ה דען שלום • דרום זאלן דיא
ווייבר שלום האבן אונטר אננדר אונ׳ זיא זאלן זיך ניט קריגן אונ׳ זאלן אירן מאן דער צו האלטן
דז ער זיך ניט קריגט מכן שכן דאז דא קיין קריג ניט שטערקן זאל אוב זך וועֿר דאז ער זיך
מיט איינם קריגט דא זאל זיא איין אב רידן פון קריג אז גיטאן האט די צדקת און בן פלת ווייב
דיא אירן מאן אב גירעט האט פון קריג מיט משה רבינו עליו השלום • די האט זיך אונ׳ אירן
מאן אונ׳ אירי קינדר בישירמט פר דען טוט אונ׳ פר דעם איביגן גהנם אבר קורח ווייב די
האט דען קריג גישטערקט דיא האט זיך אונ׳ אירן מאן אונ׳ איר קינדר אונ׳ אלי אירי גיזינר
פֿר זינדיגט דז זיא זיין פר זונקן אין דיא אב גרונד דאש גיהנם הגיין • דארום לובט דער נביא
און בן פלת ווייב אונ׳ שענדט קורחש ווייב אין בימדבר ניט פֿין מאריך דער פֿון צו זיין דרך ארץ
פֿון מיטליבי פרויא אז אובן גישריבן איז דאז זיא זאל בלייבן אין אירם הויז אונ׳ זאל ניט זיין
אויף דער גסין אך ניט אום לויפֿן אונ׳ ווען איר מאן איין היים קומט זאל זיא מכן דז ער תורה
לערנט וואז ער קאן זיא זאל אין דער מאנן מיט גוטי ווערטן אונ׳ זאל מכן דז ער צדקה גיבט
אונ׳ מעשים טובים טוט דען איין פֿרום ווייב זיכט איין פֿרומן מאן אונ׳ איין בוז ווייב זיכט איין
בוזן מאן זיא קאן וואל מכן דז זיא אונ׳ איר מאן דז גן עדן מיט אננדר פֿר דינן וכן להיפך אך •
אך זאל זיא אירי קינדר ציהן צו תורה אונ׳ צו מעשים טובים • ווען אבר איין פרויא ניט דר
היים בלייבט דא קאן זיא דז אלז ניט טאן • מיט אירם אויז לאפֿן פֿר דרבט זיא אירי ווירט
שאפט דז עז גיט צו אין אירם הויז אז איין שיף אן רודר אונ׳ דז זיא זיך ברענגט אום די וועלט
אונ׳ אום יעני וועלט דארום לובט דער נביא פרומי פרויא דיא אין אירם הויז בלייבט אונ׳
שענדט די פרויא די דא איז איין אויז לאפֿרן • אך איז דרך ארץ דאז איין פרויא ניט זאל הוך
רידן עז איז פון איין מאן קיין דרך ארץ מכן שכן פון איינר פרויאן אז דער פסוק גיט בייא דר
צדקת וחנה היא מדברת על לבה רק שפתיה נעות וקולה לא ישמע אונ׳ חנה זיא האט גירעט
מיט זיך זעלברט אונ׳ אירי לעפֿצן פר וואגלטן איר אבר איר קול זיא ניט הערן דען עש איז
איין פריצות ווען איין פרויא מאג איין הוך קול אויף ווירפֿט • אז דער פסוק גיט בייא דער
פרונה ויהי בהרימי קולי זיא שפראך דא איך האב איין קול אויף גווארפֿן האב איך איין גרוש
גישרייא גיהט דא נעהן מיר יוא מאן דז בייא דער פרונה שטיט גישריבן דא איך מיין הוך קול
האב אויף גיווארפֿן • אבר בייא דער צנועה שטיט זיא האט בלזנום בימעלך גירעט •
דארום זאל איין פרומה פרויא זיך אונ׳ אירי קינדר גיוונן באמעץ צו רידן דז אירי שכנים ניט

זאע

עאון הערן אירי ריד • אך ניט דיא גארא רבי מאיר אוזר אן הקולית די משנה רעכֿנט
אזי דיא פרונות דיא דא וואן אויז גין פֿון דען מאן אן כתובה. זאגט רבי מאיר דיא מוז אך
אן כתובה אויז גין דיא איר הויך קול אויף ווערפֿט • דרום איז עז אך איין ביזי זך פֿון איינר
פֿרויא דיא אזו הויך רידיג איז איר מאן זאלט ניט פֿון איר ליידן • אך ווערן דיא ריד אימר
גיהערט אונ׳ וואיגר אן גינעם פֿון דער ווירטן דיא בעצליך רעט מיט אירם גזינה אז דער
פסוק גיט דברי חכמים בנחת נשמעים ווען דיא קלוגי לייט זענפֿט רידן מיט דען לייטן דא
ווערן אירי ריד גיהערט אבר ווען דער נר דיא לייט אן שרייאט דיא זעלביגן ריד ווערן ניט
גיהערט כלומר זיא ווערן ניט אן גינעם • אך איז דרך ארץ דיא נגועה. היא דא דער
הייאט בלייבט דז זיא אירי קינדר זאל זיהן צו תורה אונ׳ צו מעשים טובים • זיא וואז גרויס
אכטונג האבן דאז זיא רעכֿט אורן אונ׳ רעכֿט בענטשן • אונ׳ זיא זאלן אירי קינדר גיווינן אין
גאטס פֿארכֿט אונ׳ דז זיא צום רבי גיגן אונ׳ דאז זיא זיך הוטן כתרבות בדרך ארץ • אונ׳
זיא זאלן אכטונג אויף איר קינדר האבן דאז זיא זיך ניט שלאגן מיט אנדרי אודר דז זיא ניט
שווערן קיין שבֿועה אונ׳ דאז קיין קוזה ניט זאגן צו איר מויל הרויז גין • אונ׳ דאז זיא גיטיג
זאלן רידן אונ׳ זאלן ניט שרייאן אונ׳ זאלן מורא אונ׳ יראה האבן פֿאר עלטרן לייטן אויף אזו זאל
פֿרנית איר אכטונג האבן • דיא פֿרויא איז גיהייסן איין אשה יראת ה׳ היא תתהלל אויף
איין נעלכי פֿרויא האט דער נביא גיזאגט דען פסוק דאז הייסט איין גאטס פֿארכֿטיגי פֿרויא
דיא איז גילובט אונ׳ איר מאן איז פֿון איר גיבענטשט אונ׳ ער מאג זיך וואל מיט איר פֿריאן דז
ער איין נעלכי פֿרויא האט אונ׳ איין נעלכי צדקה האט איזר מאן צו לובן • אך
איז דרך ארץ פֿון איינר פֿרויא דאז זיא זאל אכטונג האבן אויף אזי דער קינדר מעשים וואס
זיא טונן מיט אירם עסן מיט אירם טרינקן מיט אירם ליגן מיט אירם אויף שטיין • אונ׳
בפֿרט ווען זיא פֿרעמדי לייט האט זיצן אם טיש דאז זיא זאל זער אכטונג האבן דאז אירי
קינדר זאלן זיצן בתרבות ובדרך ארץ אונ׳ דאז זיא ניט טונן פֿר פֿרעמדן לייטן וואז אין
בתרבות איז • אונ׳ ווען איין פֿרויא זעלכי קינדר ניכט דאז זיא זיינן בתרבות ובדרך ארץ
זיא שפריכט אידר מאן וואל דער אוטר דיא קינדר גיטראגן האט וואל דער אוטר די
זעלכי קינדר דער צוגן האט איין תרבות ובדרך ארץ איז אבר דז זיא ניט דער הייאן בלייבט
דא ווערן אירי קינדר ניט וואל גיצוגן אונ׳ זיא ווערן אויך גיצוגן אן תרבות אונ׳ אן דרך ארץ
דיא הוט הויז אז איר הויז האט איין גיבין דא שפריכט אידר מאן פֿלויא דיא אוטר וויא
האט זיא אירי קינדר אזו איבל גיצוגן. וויא דער אוטר דיא זעלכי קינדר אויף דער וועלט
גיבראכט האט אונ׳ זיא מוז דארום ליידן איין גיהנום דז זיא אירי קינדר ניט גיצוגן האט צו
תרבות אונ׳ צו דרך ארץ • דרום זאל איטליכר מאן זיין ווייב דר צו הלטן דז זיא דער הייאן
בלייבט בייא אירי קינדר אונ׳ דז זיא וואול אכטונג האט אויף אירי קינדר דז זיא זאלן זיך גווינן
איין יראת שמים בפֿרט דז זיא ניט זאלן עסן אדר זאלן ניט טרינקן איידר דען דז זי דיא
ברכה אבן דער ביר אונ׳ דר נאך דיא דר צו גיהערט צו דעם זעלביגן וואז זיא עסן פֿון דעם
ביקומן זיא רעכֿט יראת שמים דען דאז איז איין זאך דז דראן הענגט יראת שמים • אז
דא האבן גיזאגט חכמים ז״ל ווער דא וויל איין חסיד זיין דז ער זאל האבן יראת שמים דער
מאן זאל זער גיווארנט זיין אן דען ברכות דז ער זאל זאגן אויף אזו זאכֿן דיא ברכה מיט גרוסר
כוונה • ווען איין פֿרויא דעם נאך קומט וויא דא איז גישריבן ווערט אויף איר גיזאגט
דאז גזנג אויך בית דז דא שטיט אין ספֿר משלי • אשה יראת ה׳ אשת חיל תנו לה מפרי
ידיה ויהללו בשערים מעשיה •

סליק הלכות דרך ארץ

מעשה גישאך אן אײנר דער הײשט יוסף מוקר שבת דאז אײז טײטש יוסף דער דען
שבת טוט עֶרן · דען וואז ער קענט זכבוד שבת טאן דאז קױפֿט ער אונ
עז וואר אים נײשט צו טײער אונד דען שבת ווען עס נײארט עפיש גוטש אויף דעם מארק
קעם דא קױפֿט ער׳ש עס וואר קײן גרױשר פֿיש אים צו טײער ווען ער אים נײארט קריגן
קונט · נון האט דער יוסף אײן נאכפּרן נעבן אים וואונן דער וואר אײן גרױשר עשיר
דער שפּאטיט דען יוסף אויז מאכרן אונ׳ זאגט צו אים דוא לעבן וואז העלפֿט דאז דש דוא דען
שבת טוסט זער עֶרן · דוא בײשט דאך נײשט דרום דעסט רײכר · איך ער דען שבת
ניט אזו וואול אונ׳ בין דאך רײכר ווערדר דוא · אבר דען גוטן יוסף זאג נײשט דרום אונ׳ פֿר
טרױשט זיך צו גאט ער ווערט אים עז וואל ווידר בישערן · נון וואורן שטערן זעהר אײן דער
צײכינן שטאט דיא זאגטן ווידר דעם עשיר אײן זיבר פֿרײנר וואז העלפֿט עז דיך דז דוא אזו
רײך בישט דוא דארפֿישט אך קײן גוטן פֿיש אום דײן געלט עסן איר האבן געזעהן אין דיא
שטערנן דז דײן מאון ווערט אין דען יוסף מוקר שבת הײנט קומן · דער עשיר דאך אײן גוטן
בײטן אום זײן געלט דער עשיר דער נאם דיא רײד פֿון שטערן זעהר אן · אונ׳ גינג הין
אונ׳ פֿרקױפֿט אן דז זײן אונ׳ קױפֿט אײטל אבנים טובות פֿערליך אום זײן מאון אונ׳ מאכט
דאז אנז אויף אײנם הוט שנור · אונ׳ וואלט אין אײן אנדר לנד ציהן אונ׳ מײנט דא מיט ער
וואלט קענן יוסף זײן מאון מיט אײן ווענק פֿירן אונ׳ צוך איבר ים דא קאם אײן ווינט וויא ער
אויף דעם וואשר וואר אונ׳ וואלט דאז שיף דער טרענקן אונ׳ וויאט דעם עשיר דען הוט אב
אונ׳ פֿין אים אין דאז וואשר · קאם אײן גרױשר מעכטיגר פֿיש אונ׳ שלונד דען הוט אײן ·
דא מיט דער עשיר גאר ארום וואר · נוא ביגאב עז זיך אײן מאל אויף אײן נײט דז אן אײן
נײט דז אן אײן פֿרײטאג אײן גרױשר פֿיש וואר גיפֿאנגן · דער וואר אויף דעם מארק
גיבראכט אידר מאן פֿײלשט דען פֿיש אן באט אים גאר טײאר דז אידר מאן דר פֿון גינג אונ׳
וואלט ניאן דען פֿיש קױפֿן אונ׳ אידר מאן זאגט דען פֿיש קױפֿט ניאמנט דען נײארט יוסף
מוקיר שבת דער קױפֿט אזו פֿיש דיא גרױש זײן דיא אים ניט צו טײאר · אין דעם
קאם דער גוטר יוסף צו גין אויף דען מארק אונ׳ וואלט גלײך פֿיש קױפֿן אויף דען שבת דא
נאך ער דען גרױשן פֿיש פֿײל דאז וואר אים נעבך דען יוסף מוקר שבת זער אײן גרױשה
פֿרײד דז ער אײן זעלכן פֿיש אויף שבת קענט ביקומן אונ׳ גידאכט אין זײן זין דער פֿיש זאל
מיר ווערליך ניט צו טײאר זײן ווען גלײך הונדרט גולדן · נון ער פֿײלשט דען פֿיש אן בוט
אים גאר טײאר · נון ער וואר ויא מיט דען מאן צו פֿרידן דז ער אים קױפֿט. אונ׳ טראגט
אין אײן היים אײן גרױשן פֿרײדן · אז טעט ער דען פֿיש אויף דא פֿאנד ער דיא פֿערליך
שנור אין דעם פֿיש דיא דער עשיר האט פֿר לארן אונ׳ דא וואר נון גישעהן וואז דיא שטערן
זעהר האבן גזאגט ווידר דען עשיר זײן מאון דאז ווער אין דען יוסף מוקר שבת הײנט קומן
דא פֿרײאט ער זיך גאר זער אונ׳ וואר גוואורן אײן גרױשר עשיר דען דיא שנור וואר אײן גאנץ
מלכות ווערט דא קאם אײן אלטר מאן דער זאגט ווידר דען יוסף ווער אויף דען שבת פֿין
בתרגט דא בילאנט דער שבת ווידר פֿין דאז מײנט אזו ווער דען שבת טוט מיט
גוטן עֶרן כבוד כפֿולים טוט עס השם יתברך ווידר וואון
פֿין עולם ביטערן אמן ׃

מעשה

מעשה איין איטליכר מענש דער זאל אזו דעמיטיג זיין אזו הלל איז געוועזן אונ ער זאל ניט
באלד צארניג זיין אזו שמאי איז געוועזן דען עש געשאך איין מאל איין מעשה אן צווייא
מאנן דיא האבן געוועט מיט אננדר אום פיר הונדרט שילינג • דער איין וועלט הלל צארניג
מאכן שפראך דער אנדר דאש קאנשט דו ניט טאן דז דוא הלל צארניג מאכן זאלשט אונ
וועטן אזו אום פיר הונדרט שילינג • נון דאש וואר עבן אן איינם ערב שבת דז זיך הלל
עבן צוואגט קיגן שבת • גינג דער זעלביג מאן דער דא הט געוועט ער וואלט הלל
צארניג מאכן פר הללש טיר אונ קלאפט אן רופט אזו איז הלל וויא דא : הלל הורט טעט ער
זיין מאנטל באלד אן אונ גינג דעם מאן אנקיגן אונ זאגט ליבר זון וואז ווילשטו • זאגט דער
מאן ליבר רבי איך האב איין פראג צו פראגן שפראך הלל מיין זון פראג וואז דוא צו פראגן
האשט שפראך ער ליבר רבי איך מוז אייך פראגן ווא קומט עש דז דיא לייט אין בבל קייגליכטה
קעפף האבן שפראך הלל מיין זון דוא האשט איין גרוסי פראג גיפרעגט איך וויל דיר זאגן
פון וועגן דז זיא אין בבל ניט גרוסן חכמים זיין דער הלבן האבן זיא אזו קייגליכטה קעפף •
דא גינג דער מאן ווידר איין וועק אונ שפראך דוא האשט מיר דיא קשיא וואל פתרן
גיוועזן • איבר איין קליני ווייל קאם דער זעלביג מאן ווידר פר הללש טיר אונ קלאפט
ווידר אן אונ זאגט ווא איז הלל טעט דער גוט הלל זיין מאנטל ווידר אן אונ גינג דעם מאן
ווידר אנקיגן אונ זאגט צו אים מיין זון וואז ביגערשטו מיינר זאגט דער מאן מיין ליבר רבי
איך האב אייך איין פראג צו פראגן • זאגט הלל מיין זון פראג וואז דוא האשט צו פראגן
פרעגט ער ליבר רבי זאגט מיר ווארום האבן דיא אין תרמודים דאז איז איין מדינה דיא
הייסט אזו אזו קייגליכטה אויגן זאגט הלל מיין זון האשט איין גרושה קשיא גיפרעגט איך
וויל דיר זאגן פון וועגן דז זיא אים זאנט וואונן ווען איר אויגן זעלטן טוויא צקין האבן וויא
אנדרי אויגן אזו כפט דער ווינט דען זאנד איר אויגן פר וועהן אונ קענטן דען זאנד ניט ווידר
אויז ברענגן אונ מעכטן בלינד ווערן שפראך דער מאן דוא האשט מיר דאז אך וואל פתרן
גיוועזן אונ גינג ווידר זיין שטראס הין וועק • איבר איין קליני ווייל קאם דער מאן ווידר
אונ מיינט ער וועלט דען הלל צארניג מאכן ווייל ער אים אזו אפט פון דען שבת מער רופט אונ
רופט ווידר וואו איז הלל וויא הלל דאז הערט דז ער ווידר רופט טעט ער
ווידר זיין מאנטל אום אונ גינג דעם מאן ווידר אנקיגן אונ זאגט צו אים מיין ליבר זון וואז
בגערשטו פון מיר זאגט ער ליבר רבי איך האב איין גרושן פראג צו פראגן זאגט הלל פרעג
מיין ליבר זון וואז דוא צו פראגן האשט דא הוב ער אן ליבר רבי זאגט מיר ווארום האבן דיא
אפריקים דאז איז אך איין בזונדר פאלק אזו ברייטי פיס שפראך הלל דוא האשט איין
גרושי קשיא טון פראגן איך וויל דיר זאגן מיין ליבר זון פון וועגן דז זיא וואונן צווישן דען
גימייז אונ וואסן דער האלבן האבן זיא ברייטי פיס דז זיא דר בעשר קענן גין דען ווען זיא
שמאלן פיס הטן פילן זיא אין דאז גימייז אניין אבר אזו זיא ברייטה פיס האבן אזו קענן
זיא בעשר גין דא שפראך דער מאן ליבר רבי איך האב נאך פיל קשיות צו פראגן אבר איך
פארכט איך דוא מעכשט צירנן • טעט ער ערשט זיין מאנטל אויז דער גוט הלל אונ זעצט
זיך נידר בייא אים אונ שפראך צו אים מיין זון פרעג מיך אנדרש וואז דוא האשט צו פראגן איך
וויל דיר צו הערן אונ וויל דיר רעכט בישיידן • פרעגט ער בישטו דער הלל דז מן דיך
הייסט דער הער אונטר ישראל שפראך ער יוא דא שפראך דער מאן ווידר הן דוא בישט
זאל זיך ניט מערן אונטר ישראל שפראך הלל מיין זון ווארום שפראך דר מאן איך האב פון
דיינט וועגן פר וועט ד' מאות אונ דוא האשט מיר זיא מאכן פר לירן דיא וויל איך דיך ניט
האב קענן צארניג מאכן שפראך הלל צו אים מיין זון איין אנדר מאל זייא געווארנט אונ וועט

